לייב קוויטקאָ

# אלעפבייס



געצייכנט פון מיכאיל יצא

אָ ג י ז
מעלוכע-פארלאג „דער עמעס"
מאָסקווע 1947



אנ אלעפ האט פיר עקעלעכ —
א שטעקל מיט צוויי פלעקעלעכ.

---

אלעקסאנדער מאטראסאָוו איז א העלד,
א דענקמאָל ווערט דעם העלד-געשטעלט.

---

ארבעטער און פּויערים
ארבעטנ באנאנד,
אליינ צו זיי געהערנ
אלע גיטער פונעם לאנד.



אָדלער, אַדלער, פליסט ווי א וויכער,
אַבער פליִערס פליִען נאָך גיכער.

---

אָ, ווי שיין די רויטע פאָן
אפן גרויסן סטאַדיאָן!

---

ניט אָפּלייגן אפ מאָרגן,
וואָס קענסט נאָך הײַנט באַזאָרגן.

# ב

באר און באל פליִענ וויל –
באל צום באלקנ, באר צום מויל.

---

באבצי בלומצי באקט דאָכ ברויט –
באקט אויכ ביילקע ברויט באם פלויט.

---

בערע איז א בעריע בא די בינענ,
שטער ניט בערענ בא די בינענ.

גאנדז און גאַנער
גייען שפּאַצירן,
געלע
גענדזעלעך זיי פירן.

---

גרינע פעלדער אָן א ברעג,
גייט אינמיטן גרינס א וועג,
גאָלדע טראָגט א געלן הוט,
זעט מען גאָלדען זייער גוט.



דער דימענט שנײַדט דאָס גלאָז.
די קאָסע שנײַדט דאָס גראָז.
דער האָרנ טוט אונדז וועקנ,
דעמ בלינדנ פירט דער שטעקנ.

---

דאָס דריידל דרייט זיכ,
דאָס יאטל פרייט זיכ.



הוידלקע, הייב זיכ
העכער און העכער,
הייב די קינדער
ביז די דעכער!

---

הינדעלע און הענדעלע
עסנ פונ איינ קענדעלע.

---

הייב דעמ האמער, שמיד,
שמיד, קאַלזמאנ עס גליט!

# ד

או גערקעס רופנ פונ דער בייט:
פרוכט אונ עסט געזונטערהייט!

---

אונדזער היים איז שטארק אונ גרויס,
אונדזער היימלאנד גייט פאַרויס,
אומעטום מיר בויענ שיינ,
אונדז איז גוט אינ אונדזער היים!

---

שטייענ געבונדנ אַלע צוזאמענ
הונדערט ברידער אָנ א מאמענ.
וואָס איז עס?

(א גארב).

רוּוונ איז א דרייסטער יונג,
רוּוונ ווינטשט זיכ זײַנ א שווימער,
ווּנדער-שיינ ער טוט א שפּרונג,
ווּ א טײַכ נאָר – שווימט ער איבער.

---

פּרוּוו פארהאלטנ א ווּלקאנ,
פּרוּוו אים אײַנשפּאנענ אינ שפּאנ!

# ד

**בוי**, בוי, בויער,
א מייער נאָכ א מויער,
א הויז נאָכ א הויז,
די גרויסע היים בוי אויס!

---

א בוים בייגט זיכ, ווענ ער איז יונג.

---

יוירט דאָס טייג אונ ציט.
יויכ אינ טעפּל זידט.



ווײַל מיר לערנענ בעסער,
ווײַל מיר ווערנ פעסטער,
וועט אונדז סטאלינ טרויענ
אונדזער הײמלאנד בויענ.

---

**וואָלפ אונ וועווריק**

וואָלפ אונ קלײנער וועווריק
וועטנ א געוועט:
ווער דאָס וועלדל גיכער
איבערלויפנ וועט.
וואָלפ אפ דר'ערד לויפט אונטנ,
ווילד ער אײַלט, פארשוויצט,
וועווריק אפ די בײמער —
שפּרינגט פונ שפּיצ אפ שפּיצ...



זיפּן זיבן זיפּן נײַע
אונדז דאָס מעל, און זיך — די קלײַענ,
זיפּט דאָס זויבערע מעל ארויס,
לאָזט פאַר זיך די קלײַענ בלויז!

---

זײַ ווי זאָיע — מיט לײַב און לעבנ
אונדזער היימלאַנד איבערגעגעבנ.
זײַנ זאָל זויבער דײַנ געוויסנ,
זאָלסט, ווי זי, קיינ שרעק ניט וויסנ.

---

זאַנגענ קענענ שטיל ניט שטיינ,
אַז דער ווינט זיי בייגט.
זאָגנ זאַנגענ יאָ און ניינ —
ווי דער ווינט זיי נייגט.

# זש

זשיראפ, זשיראפ, דו זײַ געהיט –
א זשוקל קריכט, צעטרעט עס ניט.

---

גײ זשע װײַטער, זשאבעצי –
דאָ װאשט דאָס גרעט די באבעצי.

---

דער זשוק איז א זשאָנגליאָר –
ער האלט זיכ אפ א האָר.

טעוול שרײַבט צו טײַבלענ א בריוו:
טײַער טײַבל, כ׳שווימ אפ א שיפ!
טרעפט א שטורעמ, טרעפט א רעגנ,
טומלענ כוואליעס אונדז אנטקעגנ,
טוט מיכ שרעקנ, מיינסטו, וואָס?
טעוויע איז דאָכ א מאטראָס!

---

– טא-טא-טי! שפילט די פלייט,
טאנצט דער אינדיק אפ דער בייט.
טויבנ בא דעמ טויבנשלאק
בעטנ: „טאנצ אונדז א האָפאק!“

טשאַטעס פֿליִען, אַ צווִיטשערײַ,
די טשוביקלעך טרייסלען זיך דערבײַ.

---

צום טשערעט איז דער הונט אַוועק!
טשיקאַווע, וואָס האָט ער דערשמעקט?
באַם טשערעט ער בלײַבט, ער האָרכט
און טשאַטעוועט דאָרט אױף אַ שאָרך.

איכ, דער יוד,
בינ אוואדע ניט גרויס!
נאַר ייִדיש
קומט אַנ מיר ניט אויס!


135—2

ייִנגלעכ, מיידלעכ, יונגענ, יאטנ –
אפנ קרײַז פונ אײַז דעם גלאטנ.
יאָגט א יאט זיכ נאָכ א יונג,
יונג – א שפאנ, אונ יאט – א שפרונג.



איי דער פריידל עפנט די אייגעלעך,
שטייען שוין גרייט אפן לייטער
די פייגעלעך.
— שטיי אופ, פריידל, — צוויטשען זיי, —
היי, די אקאציע איז פול מיט שניי!



אײַלנ רויטע רײַטער,
שווײַגנדיק אונ זיכער,
בא די פערד די טלאָענ,
אײַנגעהילט אינ טיכער.
ווײַל דער פײַנט איז נאָענט,
רײַט מענ שטילערהייט,
אײַ, האָט מענ דעמ פײַנט
צעריבנ אונ צעדרייט!

---

**אוי, איי, אײַ!**

קומענ זיכ הוידענ דרײַ:
אוי, איי אונ אײַ.
— אוי, כ'האָב מוירע, — זאָגט דער אוי, —
די הוידע איז דאָכ הויכ אזוי!
— אײַ, — זאָגט אײַ, — ס'איז דאָכ קעדײַ!
— היי, — שרײַט פריילעכ אויס דער איי
אונ כאַפּט אונ זעצט זיכ אופ מיט זיי.

# כ

כעוורע, כ'האָב א זאכ פאר אייכ:
כאפנ פישעלעכ אינ טייכ!
כ'האָב אייכ נעכטנ דאָס געבראכט
אכצנ קארפנ גאָר א פראכט!

---

אכוצ די זיבנ בעכערלעכ
פארכאפ די קאצ אפגיכ,
באַלילע ניט צעברעכ זיי נאָר,
די כייע דראפעט זיכ!..

ל

לעבנ הייסט לענינ,
לענינ הייסט לעבנ.
לענינ האָט גליק
אונ פרייד אונדז געגעבנ.

לענינ הייסט לערנענ,
לענינ איז ליכט,
לענינ די פעלקער
האָט אופגעריכט.

---

לייטערל, לייטערל, שטעל זיכ אופ,
לאָז מיכ אפנ דאכ ארופ,
וועל איכ זענ מיטאמאָל —
פאָנענ פאָכענ אָנ א צאָל.

מאַסקווע, מאַסקווע ליכטיקע,
מוטער אונדזער ריכטיקע!
מוטיק שפּאַנט דאָס פאָלק פאָרויס.
מאַסקווע מאַכט די פעלקער גרויס!

---

— מאַמע, מאַמע, מאָל איך שיין?
— מאָלסט, מײַן טאָכטער, מאָלע־כיין!..

---

מער פאַרזייען מערן —
מער זאָל מערן ווערן!

נעסטן לעבן נוסנבוים
נאָענט באַם קאַרניז,
נעסטן פול מיט אייפעלעך,
נוסנבוים — מיט נים.

---

נײַ, נאָדעלע,
נײַ שנעל,
אַ נײַינקן שינעל.
נוץ אים, זונעלע, געזונטערהייט,
דער היים, דער מאַמען אַף פרייד.

# ס

סטאלינ זאָרגט פאר קינד-אונ-קייט,
סטאלינ זאָרגט פאר גאָר דער וועלט,
סטאלינ גיט אונדז מוט אונ פרייד,
סטאלינס ליכט די וועלט באהעלט.

---

סאליוטנ, סאליוטנ אינ מאָסקווע,
עס דונערט מיט סימכע, עס קוועלט:
די סאָנימ מיר האָבנ פארטריבנ
אונ שאָלעמ געגעבנ דער וועלט!

# ע

עס פירט דאָס פערד פונ ווײַטנ באַרג
דעמ קאַלווירטניק אַפנ מאַרק.
עפּל רויטע,
העלנ האָניק,
עמערס פול מיט עסנוואַרג.

---

ערד אונ הימל האָבנ געשווירנ:
הימל זאָל רעגענענ,
ערד זאָל געבוירנ,
עמעס זאָל שטראַלנ,
שעקער זאָל פאַלנ!

---

יעטנ זאָלסטו יעדער בייט,
יעדער בייט וועט זײַנ א פרייד.



פּען, פּענדזל און פּאפּיר —
פּוץ איך אויס א גאַרטן דיר:
פּאוועס זיצן אפּ די ערטער,
פּאַפּוגייען שרייען ווערטער,
פּיפּערנאַטער אין מונדיר —
פּיף-פּאַף — שיסט אין טיר.

פֿענדלעך זײדן, פֿאַרע פֿאָכט.
פֿון פֿאַרטאָג שוין קאָכט דער קאָך.
פֿאַרפֿל שיט ער, ציבל בריט ער,
פֿעטס אין בעקן קריגט זיך ביטער.
פֿריִער פּרוּווט דער קעכער פֿײַן,
פֿעפֿערט צו און זאַלצט אַרײַן.
עפּשער עפּעס נאָך פֿאַרגעסן?
פֿאַרטיק, זעצט זיך עסן.

---

פֿײַער אפ די סאָנים, פֿײַער!
פֿאַר מײַן פֿרײַ לאַנד, פֿאַר מײַן טרײַען!
פֿלי, מײַן פֿלי-מאַשין, געשווינד
אפ די פֿליגל פֿונעם ווינט!



ציגל לייגט מענ,
צעמענט מישט מענ,
צוקער-זאוואָדנ דארפנ דאָ זײַנ.
צעכנ נײַנקע וואקסנ אויס.
צוקער-בורעקעס וועלנ ארײַנ,
צוקער-ציגעלעכ וועלנ ארויס.

---

מײַנ ציבעלע וואקסט,
די שפּיצנ צעצווייגנ.
דאָס ציגעלע ווארפט
צו דעם מיט די אויגנ.
ניטע, ציג!

# ק

קוים וואַקס איך אויס,
קוים ווער איך גרויס,
קלײַב איך די בעסטע
אַרבעט אויס.
איך קלער און טו אַלץ קלערן —
איך וויל אַ קאָנסטרוקטאָר ווערן.

---

קלאַפּט אַ קינד אין פּײַקל:
— קומט אַהער, קומט אַהער!
אַ קאָמעדיע מיט אַ בער;
קונצן ווײַזט אַן אַלטער שפּער;
קלוגע קעמלען טאַנצן שערן;
קראָקאָדילן גיסן טרערן!

# ר

רינגעלע, רינגעלע, רויגעז,
זײַנענ מיר בערויגעז,
רינגעלע, רינגעלע ריק —
זײַנענ מיר כאוועער צוריק.

---

ראשט דער וואסער-שטראָמ,
שפּרינגט אונ פּאלט,
אונ שפּריצט, אונ פּראלט, אונ ברילט —
אונ נאָר אינ ווייכנ שוימ זיכ שטילט.

---

רעדט צומ ריבײַזנ די מער:
דײַנ גלאטע זײַט געפעלט מיר מער!

שענסטער כאַלעמ, ווער שױנ וואַר!
שווימענ כ'זאַל אפ דעמ לינקאַר.
מיט די שיפּלײַט שטײנ אפ וואַכ,
פאַרנ הײמלאַנד גײנ אינ שלאַכט.

---

שמידער, שמידער,
שטעל אונדז ווידער
שטאַרקע גליטשערס,
שטעל אנידער
אונדז צו גליטשנ זיכ אפ זײ.
פעטער שנײער,
שיט אַנ ווידער
שניי אפ שניי!

# ל ע נ י נ

העכער פונ בערג
אונ העלער
פונ לויטערע שטראָמענ —
דער טײַערער נאָמענ.

דער טײַערער נאָמענ,
ער פלאַקערט
אונ פירט אונדז אינ קריג,
אונ פירט אונדז
צומ זיכערנ זיג.

בא וועמענ סע וואַכט דאָס הארצ,
אונ אויגנ ברענענ,
דער ווייסט פונעמ נאָמענ,
דער ווייסט אימ,
דער קענ אימ,
דער ווייסט,
אז דער טײַערער
נאָמענ
איז לענינ.



135—3

## אין סעדער

עפּל-פּעפּינקעס און פּלוימען,
און די שווערע בארנ-בער!
בעטן ביימער: „ליבע קינדער,
נעמט אראָפּ א קאָפּ, סע שווער".

לאָזט זיך, כעווערע, לאַנג ניט בעטן,
לאַנג ניט בעטן — צוליב וואָס?
אַפּ דער ערד איז אָנגעשאָטן,
פול מיט פרוכטן אפּן גראָז.

פריִער פּילט מען אָן די קוישן,
גלייך. פון ביימער — ניט פון שאָס.
פולע קוישן, פולע קוישן
פאר די ארבעטער פון שטאָט.

דארף מען אָפּרוען א ביסל,
און א לייג זיך אפּן גראָז —
קוקט אראָפּ א באַק פון עפּל,
און פון פּלוים — א בלויע נאָז.

---

## דאָס טײַערסטע פון אלץ

א פייגעלע איז געשטאַנען אַפּ א בוים, א יעגער האָט געצילט אין דעם און עס שטארק פארוווּנדעט.

איז אָן אלטיטשקע צוגעגאַנגען צום פייגעלע און געזאָגט:

— גיב מיר אַפּ דאָס, וואָס דיר איז טײַערער פון אלץ, וועל איך דיך צוריק געזונט מאכן.

— וואָס קען זײַן טײַערער פונעם לעבן? — טראכט דאָס פייגעלע, — ווײַזט אויס, די אלטע פרוי טרײַבט מיט מיר קאָטאָוועס.

— גוט, — זאָגט דאָס פייגעלע, — איך גיב דיר אַפּ דאָס טײַערסטע פון אלץ, אבי הייל מיך אויס.

די אלטיטשקע האָט מיט איר ציטערדיקער האנט אָנגערירט דאָס פארוווּנדעטע אָרט, איז עס באלד פארהיילט געוואָרן. דאָס פייגעלע האָט א פּאָך געטאָן מיט די פליגעלעך אוועקצופליִען.

— וואַרט, מײַן טײַערע, — האָט די אלטיטשקע געזאָגט, — גיב מיר אַפּ דאָס, וואָס איז טײַערער פון אלץ.

— וואָס זאָל איך דיר אָפּגעבן? — האָט דאָס פייגעלע געפרעגט.

— דײַנע פליגעלעך, — האָט די אלטיטשקע געענטפערט.

— דאָס קאָן איך ניט! — האָט אויסגערופן דאָס פייגעלע, — בעסער דער טויט, איידער צו לעבן אָן פליגעלעך! ווי וועל איך פליִען אַפּ דער פרײַ?

— נו, פלי דיר, געזונטערהייט! — האָט די אלטיטשקע געזאָגט, — נאָר פון הײַנט און ווײַטער זאָלסטו געדענקען, אז דאָס טײַערסטע פון אלץ איז אויך טײַערער אפילע פונעם לעבן.

דאָס פייגעלע האָט צעשפּרייט די פליגעלעך און זיך אופגעהויבן אין דער הייך מיט א געזאַנג:

פרײַהײַט איז טײַערער פונעם לעבן!

## אַף דער קאַמע

אף דער קאמע
שווימען פליטן,
שיינע ביימער
גלײַך געשניטן.
איינס אין צווייען
פעסט געהאלטן.

זיך געזעגנט
מיטן קאלטן
וואלד אין צאָפן,
שווימען ביימער
אפן דאָרעם
וועגן הײמען.

שווימען פליטן
אף דער קאמע.
אָט, א יאטל
מיט זײַן מאמע,
מיט די פענעמער
צו דאָרעם,

אין א ווינקל-פליט
זיך פאָרען.
ס'יאטל שיילט,
די מאמע שײַערט,
אף א פלאמענדיקן
פײַער,
קאָכט א טאָפ זיך,
סופ מיטמאמע.
און דער דאמפ גייט
ווי פון קאמע.

שרײַ איך: — לײַט,
שווימט איר ווײַט?!
שרײַט דער יאט:
— אף סטאלינגראד!
— אף סטאלינגראד?!
נעמט מיך מיט!

נאָר דער יאט
ענטפערט ניט.

## דאָס צוויטשערל

פארבאָרגן צווישן ביימער
אין בלעטערשן געמיש,
דאָרט צוויטשט דער ערשטער צוויטשער
אזוי באהארצט און פריש.
ער צוויטשערט אזוי מונטער, —
כאָטש קיינער האלט ניט אונטער:
צווימש!

איך זע דיך ניט, איך ווייס ניט,
פתוואנען, ווער דו ביסט.
איך הער אָבער, ווי מונטער
דײַן צוויטשען וועקט און גריסט.
איך הער, און ס'מאכט מיך מונטער —
און כ'האלט מיט הארץ דיך אונטער:
צווימש!

איך ווייס, ביסט ניט קיין אָדלער,
קיין וואָלקנס ברעכסטו ניט.
געוויס איז ווײַט דײַן צוויטשען
פון נאכטיגאלס א ליד.
נאָר ווײַל ביסט פלײַסיק-מונטער,
האלט אויך דער וואלד דיך אונטער:
צוויטש!

און כאָטש דו ביסט א ברעקל,
מיטמאט א צוויטש די גרייט, —
דאָך הערט די גאנצע וועלט דיך,
ווען ניסט דײַן הארץ איר אויס.
די גאנצע וועלט ווערט מונטער
און האלט דעם זינגער אונטער:
צוויטש!

# א וויגליד

מאמעלע מײַנע, מאמעלע מײַנע,
שלאָף שוין אײַן, שלאָף שוין אײַן,
איך וועל דיר דערציילן א מײַסעלע באַלד,
ווי איך בין, דײַן זונו, געגאנגען אין וואלד,
געגאנגען אין וואלד צו האקן די שטאמען,
צו מאכן א שיף, צו שווימען אף יאמען,
די בייזע אקולן צו קלאפן,
די פישעלעך גאָלדענע כאפן.

ווי איך בין, דײַן זונו, אַרײַן אינעם וואלד
און האק אין דעם בוים און דעם בוים אין צעשפּאלט —
באַווײַזט זיך דער האָז און זאָגט מיט געבייזער:
— איך בין אינעם וואלד דער שרעקלעכער קייסער,
דו זאָלסט מײַנע וועלדער ניט האקן,
איך פרעס דיך אף ביידע פּאָר באקן!
— אנו נאָר, דו האָזל-קאַפּאָזל, קום אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער-ווער...

דערשרעקט זיך דער האָז און קימט שוין ניט מער,
באַווײַזט זיך דער פוקס און הייבט אָן צו שפּרינגען:
— געפעלסט מיר, קום אהער, איך וועל דיך פארשלינגען,
דו ביסט א געשמאַקער, א גומער,
איך וועל דיך פארפּרעגלען אף פּוּטער.
אנו נאָר, דו פּיקסל-קאָפּיקסל, קום אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוון, ווער וועמען, ווער-ווער...

אנטלויפט ער, דער פוקס, און ווײַזט זיך ניט מער!
נאָר דאָ קומען אָן די וועלף און די בערן,
מע בילט און מע ברילט — מעשוגע צו ווערן!
די שרעקלעכע ציינער זיי ווײַזן,
מע נײַם מיך אף שטיקער צערײַסן,
די שלונגען, די צונגען אַרויס און אַרײַן —
מאמעלע מײַנע, אוי, מאמעלע מײַנע!

האָט סמאַליע דערהערט, וואָס טוט זיך אין וואלד,
האָט סמאַליע א מאַנק אַרויסגעשיקט באַלד,
דער מאַנק האָט די כײַעס צעשלאָגן —
און מיך צו דער מאַמען געטראָגן...
מאמעלע מײַנע, מאמעלע מײַנע,
שלאָף ניט אײַן, שלאָף ניט אײַן.

איכ וועל דיר דערציילנ, ווילסט וויסנ מיסטאמ,
ווי איכ בינ, דײַנ זונ, געשווומענ אינ יאמ,
געשווומענ אינ יאמ צו זענ די ברייטנ,
צו קוקנ אינ טיפ, צי וואקסנ דאָרט קווייטנ,
די בייזע אקולנ צו קלאפּנ,
די פישעלעכ גאָלדענע כאפּנ!

אזוי ווי מײַנ שיפ אינ די כוואליעס איכ שטויס,
אזוי ווי איכ צי א גאָלדנס ארויס,
באווײַזט זיכ א ראק, ער דרייט מיט די צוואנגענ:
— איכ שלעפּ דיכ אינ גרונט, איכ נעמ דיכ געפאנגענ,
סע וועט דיר ניט העלפנ קיינ קלאָגנ —
מיט מיר קאָנ זיכ קיינער ניט שלאָגנ!

אנו נאָר, דו ראקל־קאבאקל, קומ הער,
אנו, לאָמיר פּרוּוונ, ווער וועמענ, ווער־ווער...
דערשרעקט זיכ דער ראק אונ ווײַזט זיכ ניט מער.
אונ דאָ ווי א בארג דער וואלפיש באווײַזט זיכ,
ער רײַבט זיכ אינ שיפ: אינ קאָפּ, זאָגט ער, בײַסט זיכ,
סע קיצלט מיכ שטארק אינ די אנגלענ,
מיר גלוסט זיכ מיט דיר צו ראנגלענ!

— אנו נאָר, דו פּעטפּיק, אנו, קומ אהער,
אנו, לאָמיר פּרוּוונ, ווער וועמענ, ווער־ווער...
באהאלט זיכ דער וואלפיש אונ ווײַזט זיכ ניט מער.
נאָר דאָ קומענ אָנ רעגנס אונ ווינטנ,
זיי כאפּנ מײַנ שיפ אונ שטיקער זיי שינדנ,
דער יאמ ווערט מיט בערג אונ מיט גריבער,
אָט קערט זיכ מײַנ שיפעלע איבער.

די גריבער די פינצטערע שלינגענ מיכ אײַנ —
מאמעלע מײַנ, מאמעלע מײַנ!
האָט סטאלינ געהערט, וואָס עס טוט זיכ אינ יאמ —
האָט סטאלינ געשיקט אזא הידראָפּלאנ,
ער האָט יענעמ שטורעמ צעשלאָגנ —
אונ מיכ אינעמ קרעמל געטראָגנ.

מאמעלע מײַנ, אוי, מאמעלע מײַנ,
מע עפנט די טיר, אונ ווער קומט ארײַנ?
אונ הייבט מיכ ארופ צו זיכ אפ די הענט,
צו זיכ אָט אזוי, ווי פּאפּע מיכ נעמט,
אונ פרעגט מיכ אלצ אויס, וואָס טוט זיכ אינ יאמ.
נו, טרעפ ווער דאָס איז? דו ווייסט שוינ מיסטאמ.

## דאָס ערשטע יאָדליקל

ניט גוט האָט זיך אוועקגעשטעלט
דאָס יאָדליקל באַם פּליין.
ווײַל איז עס פּאַר אַן אָרט אַט דאָ?
דערצו נאָך איין אַליין.

איין אַליין — אײַ, ניט גוט.
שטײַסט דער ווינט ווי אַ רוט.

נאָר טראַכט עס דען אַוועקצוגיין,
כאָטש בײַטער שטײַסט דער ווינט?
כאָטש וואָס עס האָט דאָ אויסצושטיין
אַ יאָדליקל אַ קינד?

ווען שטערן שײַנען איבער פּליין,
און ווינטער־שלאָף באַפאַלט,
וואָס טרויסט אַ יאָדליקל אַליין?
פאַרשטייט זיך פון אַ וואַלד.

סע טרויסט, סע וואַקסט, סע ציט צום רוים,
און פעסט אין גרונט זיך האַלט,
סע ווייסט, ס'איז דאָ דער ערשטער בוים,
דער אָנהייב פון אַ וואַלד!..

## ווייץ

מיר זײַנען קערעלעך,
צוגעדעקט מיט שניי מיט קאַלטן,
דעם גאַנצן ווינטער
אין דער ערד זיך אופגעהאַלטן.

איצט טראָגט די זון דעם שניי אַוועק
און דעקט אונדז צו מיט נײַער דעק,
מיט זוניקער, וואַרעמער פּערענע.

און ווען סע וואַרעמט גוט אונדז אויס —
אין קריכן מיר פון דר'ערד אַרויס,
פון אונטער זון — אין פרילינג־פליוץ!

מיר גרייטן זיך,
פאַרשפּרייטן זיך
צו זײַן אַ יאַם פון ווייץ!

# באפרײַט כאוועלענ

(א פאָלקס-מעַסע)

אמאָל איז געווענ א טאטע מיט א מאמענ. האָבנ זיי געהאט איינ־איינציק טעכטערל כאוועלע. די טאטע־מאמע זײַנענ אוועק אפ דער ארבעט, אונ כאוועלע איז געבליבנ אינ דער היים, האָט זי אופגעראמט די שטוב, צוגעבעט די בעטנ, אויסגעקערט דאָס מיסט אונ געגאנגענ עס ארויסווארפנ. פאָרט דורכ א פאָרעצ אונ לאָזט ארויס פונ מויל זײַנ פײַקע. זאָגט ער צו כאוועלענ: „מיידעלע, הייב מיר אופ די פײַקע!" אזוי האָט ער געזאָגט דרײַ מאָל. ערשט דערנאָכ האָט כאוועלע אופגעהויבנ די פײַקע אונ דערלאנגט דעמ פאָרעצ. דאָ האָט דער פאָרעצ געכאפט כאוועלענ אונ אוועקגעפאָרנ מיט איר.

ווי די טאטע־מאמע זײַנענ אהיימ געקומענ, זעענ זיי, אז כאוועלע איז ניטאָ. ווערט זיי שלעכט אונ ביטער. האָט די מאמע זיכ אוועקגעלאָזט איבער פעלדער אונ וועלדער זוכנ כאוועלענ. גייט זי אונ גייט אונ טרעפט א שורע גענדז. זאָגט זי צו זיי:

„גענדזועלעכ, גענדזועלעכ!
צי האָט איר ניט געזענ א מיידעלע
מיט א בלוי קליידעלע,
מיט שווארצע לאָקנ,
מיט רויטע זאָקנ?"

האָבנ די גענדז געענטפערט: „ניינ, ניינ!"

איז די מאמע ווײַטער געגאנגענ: האָט זי דערזענ א האָנ מיט א הונ. זאָגט זי:

„האָנדל־הינדל, האָנדל־הינדל!
צי האָט איר ניט געזענ א מיידעלע
מיט א בלוי קליידעלע,
מיט שווארצע לאָקנ,
מיט רויטע זאָקנ?"

האָבנ זיי געענטפערט: „ניינ, ניינ!"

גייט די מאמע ווײַטער אונ דערזעט א שורע אינדיקעס, פרעגט זי:

„אינדיקלעכ, אינדיקלעכ!
צי האָט איר ניט געזענ א מיידעלע
מיט א בלוי קליידעלע,
מיט שווארצע לאָקנ,
מיט רויטע זאָקנ?"

ענטפערנ די אינדיקעס: „האָלדער־באָלדער יאָ!" פרעגט די מאמע: „זאָגט זשע מיר, ווו איז כאוועלע?" זאָגנ די אינדיקעס, אז כאוועלענ האָט געכאפט דער פאָרעצ אונ זי פארשלאָסנ הינטער זיבנ טויערנ. האָט די מאמע גערופנ דעמ טאטנ אונ די בעסטע גוטע־פרײַנט, זײַנענ זיי אוועקגעלאָפנ צומ פאָרעצ, אופגעריסנ די זיבנ טויערנ אונ באפרײַט כאוועלענ.

# װעסט שלאָגן דאָס מײדעלע?

(א פאָלקס־מײַסעלע)

אמאָל איז געװען א באבצי, האָט זי געװוינט מיט א מײדעלע אין פעלד אין א קלײן שטיבל, די באבצי איז געװען א שלעכטע, זי פלעגט שילטן דאָס מײדעלע.

אײנמאָל איז די באבצי מיטן מײדעלע אװעק קלײַבן שװאָמען אין װאלד, איז דערװײַל צום שטיבל צוגעקומען א בער און גענומען זיך דרײען אהין און אהער.

קומט דאָס הינטל און זאָגט: „רעב בער, װאָס דרײט איר זיך?" זאָגט דער בער: „װאָס ארט דיך, דרײ זיך אויך."

דרײען זײ זיך אינצװײען.

אזויװי זײ דרײען זיך, קומט אָן א הירש און פרעגט: „בערע, הינטל, װאָס דרײט איר זיך?" ענטפערן זײ: „װאָס ארט דיך, דרײ זיך אויך."

דרײען זײ זיך אינדרײַען שוין.

קומט צו דער האָן און פרעגט: „בערע, הינטל, הירש, װאָס דרײט איר זיך?" זאָגן זײ: „װאָס ארט דיך, דרײ זיך אויך."

דרײען זײ זיך שוין אינפירן.

אזויװי זײ דרײען זיך, קומט צו א דעקל פון א טשײַניק און פרעגט: „װאָס דרײט איר זיך?" זאָגן זײ: „װאָס ארט דיך, דרײ זיך אויך."

דרײען זײ זיך שוין אינפינפן.

קומט צו צו זײ א שטיק סמאָלע מיט א שפּילקע און זאָגן: „בערע־הינטל־הירשל־העגדל־דעקל, װאָס דרײט איר זיך?" זאָגן זײ: „װאָס ארט אײַך, דרײט זיך אויך." דרײען זײ זיך שוין אינזיבענען.

האָבן זײ זיך אזוי לאנג געדרײט, ביז ס'איז געװאָרן נאכט. דארף מען גײן שלאָפן. גײט מען שלאָפן צו דער באבצין אין שטוב ארײַן.

דער בער לײגט זיך אין בעט. דאָס הינטל — אין װיגל, דער הירש — אין אויװן, דער האָן — אפ דער פּאָליצע, דאָס דעקל — אין קוימען, דאָס שטיקל סמאָלע — אין קעסטעלע שװעבעלעך, און די שפּילקע האָט זיך ארײַנגעשטעקט אין האנטעך.

קומט די באבצי מיטן מײדעלע פונעם װאלד, זי שילט דאָס מײדעלע, װאָס צו װײניק שװאָמען האָט זי אָנגעקליבן. די באבצי שעלט און גרײט זיך לײגן שלאָפן. זי גײט צו צום בעט, — טוט איר דער בער א זעץ מיטן פוס: „װעסט שילטן דאָס מײדעלע?" האָט די באבצי זיך דערשראָקן און זיך אָנגערירט אין װיגל, — גיט איר דאָס הינטל פון דאָרט א ביס: „װעסט שילטן דאָס מײדעלע?!" גײט זי זיך לײגן אפן אויװן: גיט איר דער הירש א שטורך מיט די הערנער: „װעסט שילטן דאָס מײדעלע?!" גײט זי צום אויװן זיך אָנװאַרעמען, פאלט אראָפּ אפ איר דאָס דעקל פונעם קוימען. גײט זי אָנצינדן דאָס לאָמפּ צו זען, װאָס טוט זיך אין שטוב, — װיל זי ארויסנעמען א שװעבעלע, קלעפּט זיך צו די סמאָלע צו די פינגער און װיל ניט אראָפּ. װאשט זי זיך די הענט און װיל זיך אָפּװישן מיטן האנטעך, גיט איר די שפּילקע אזא שטאָך, אז זי הײבט אָן שרײַען. צעשרײַט זיך דער האָן פון דער פּאָליצע:

„קרי־קע־קרו־קו, װעסט שילטן דאָס מײדעלע?!"

פון דעמלט אָן איז די באבצי געװאָרן א שטילינקע. אז אלע שטעלן זיך אײַן פארן קינד!

# דער ווייַנגאָרטן

איינמאָל איז דער פוקס געקומען צו א ווייַנגאָרטן. די ווייַנשטאָקן זייַנען פול באוואקסן געווען מיט גרינע און שוואַרצע ווייַנטרויבן. האָט דעם פוקס זיך פאַרוואָלט פאַרזוכן פון זיי.

אָבער וואָס טוט מען? דער פּאַרקן איז זייער א הויכער און דער טויער איז צוגעשלאָסן.

דער פוקס איז ארומגעלאָפן ארום ווייַנגאָרטן, עפשער איז דאָ עפּעס א שפּאַרע אפ דורכצוקריכן. און א שפּאַרע האָט ער טאַקע געפונען. נאָר זי איז צו שמאָל, ער קען ניט אַרייַן דורך איר.

האָט דער פוקס געקלערט און צוגעקלערט: ער וועט פאַסטן א פּאָר טעג, וועט הונגערן, מאָגער ווערן, וועט ער דעמלט זיך קענען דורכשפאַרן דורך דער שפאַרע.

צוויי מעסלעס האָט דער פוקס געפאַסט און געמוזט נאָך פאַסטן א דריטן מעסלעס, ערשט דעמלט, אַן אויסגעמאָגערטער האָט ער זיך קוים דורכגערוקט און איז אַרייַן אין ווייַנגאָרטן.

דאָ האָט ער זיך געלאָזט וווילגייַן.
פון ווייַנשטאָק צו ווייַנשטאָק געשפּרונגען,
די ווייַנטרויבן לאָהעט געשלונגען.
מיט די לאַפּעס געכאַפּט,
מיט די ציינער געקלאַפּט,
ניט געלעקט, ניט געשמעקט, — נאָר געפרעסן,
איינגאַנצן אין וועכטער פאַרגעסן!

אייביק קען מען אין ווייַנגאָרטן ניט בלייַבן. דער וועכטער וועט זיך ארומקוקן, און דער גאַנעוו וועט באַקומען א פּסאַק.

קומט דער פוקס צו דער שפּאַרע, נאָר ער קען ניט אַדורך. ער איז ווידער דיק. וואָס טוט מען? ווי זאָל ער ארויס?

מוז דער פוקס טאָן דאָס פריערדיקע. ער האָט זיך באהאַלטן אין געדיכטע גראָזן און געגומען פאַסטן דרייַ טעג און דרייַ נעכט, מאָגער צו ווערן. אָבער דאָס פאַסטן איז אים א סאַך שווערער אָנגעקומען ווי פריער, ווייל פאַר זייַנע אויגן זייַנען געהאנגען די פולע געשמאַקע הענגלעך ווייַנטרויבן, און ער האָט ניט געטאָרט נעמען אין מויל!

ווען דער פוקס איז אַן אויסגעדאַרטער, א מאָגערער קוים ארויס דורך דער שפּאַרע אין דרויסן, האָט ער געזאָגט:

— דער ווייַנגאָרטן איז אַוודאי שיין, נאָר מע האָט פון אים קיין האַנאָע ניט...

## אינ ברונעמ

איינמאָל איז דער פוקס געקומענ צו א ברונעמ. איבערנ ברונעמ איז אפ א ראָד געהאנגענ אנ עמער.

דער פוקס איז זייער דאָרשטיק געווענ, האָט ער זיכ ארייַנגעזעצט אינעמ עמער אונ ארעפּגעלאָזט זיכ אינ ברונעמ, פונעמ ברונעמ האָט זיכ אויסגעהויבנ א צווייטער עמער.

דער פוקס האָט זיכ אָנגעטרונקענ, זיכ אָפּגעקילט אונ וויל ארויס פונ ברונעמ — קענ ער ניט. קעדיי ער זאָל זיכ אופהייבנ, מוז דער צווייטער עמער אראָפּ אינ ברונעמ.

דערווייַל גייט פארבייַ א וואָלפ אונ דערהערט, אז עמעצ איז אינ ברונעמ, לויפט ער צו אונ דערזעט דעמ פוקס.

— הא, דו ליגנערוק, האָסט געוויס פארנארט א לעמעלע אונ ווילסט עס אלייג אופרעסנ. אנו, גיב עס אהער!

אזוי שרייַט אויס זשעדנע דער וואָלפ. דער פוקס האָט עס דערהערט — צעמעקעט ער זיכ ווי א לעמעלע: „מו־מע, מו־מע, דער וואָלפ זאָל מיכ נעמענ!“

האָט דער וואָלפ גיכ זיכ ארייַנגעזעצט אינעמ הענגענדיקנ עמער אונ מיטאמאָל א פראַל געטאָנ אינ ברונעמ ביז צומ וואסער, — האָט גלייַכ דער עמער מיטנ פוקס געטאָנ א פלי ארופ, אונ דער פוקס שטייט שוינ אפ דער ערד.

ווענ דער וואָלפ האָט דערזענ, אז ער איז געבליבנ צומ נאר, האָט ער אויסגעשריענ:

— פארוואָס קומט עס מיר, דו ליגנער!

האָט דער פוקס אימ געענטפערט מיט געלעכטער:

— פונ קלעמ באפרייַט ווערט דער גערעכטער,
אונ זייַנ אָרט פארנעמט דער שלעכטער!

## ווי לעמל ראטעוועט די מילכ

די מאמע גייט אהיימ,
לויפט לעמל איר אנטקעגנ:
„איי, מאמע, איז געשענ,
דו זאָלסט שוינ גאָרניט פרעגנ!

א מייַזעלע ארייַנ איז
אינ מילכ, אינ גרויסנ טאָפּ:

סע שווימט, סע הייבט זיכ, רייַסט זיכ
אונ פאלט צוריק אראָפּ!“

„האָסטו ניט לאנג געוואַרט
אונ דאָס ארויסגעשארט?“
„נאָכ וואָס? איכ האָב אינ טאָפּ
די קאצ ארייַנגעשפּארט!“

# דאָס זשוקל

א רעגן! א רעגן!
סע גיסט מיטאמאָל
אין רינוועס, אין ריטשקעס,
אין טײַכל, אין טאָל.

סײַ ביימער, סײַ טוועס,
זיי ציטערן נאס, —
קיין מענטשן, קיין פייגל,
קיין הינט נים אין גאס.

און איינס נאָר א זשוקל
מיט פיסעלעך רויט
דאָ דרייט זיך מיט ריטשקעס
און שפילט זיך מיט טויט.

אָט קערט זיך דאָס איבער —
אוי, גול-גול, און אוים!
אָט שטעלט דאָס א פיסל
און רײַסט זיך ארוים.

אָט טוט אים אין קעפל
א טראָפן א קלאפּ,
און אונטן א בולבע
אָט טוט עס א כאפּ.

נאָר דאָ טוט א שפּענדל
א קרים זיך, א לאָפּ,
א נייג זיך צום זשוקל
און נעמט עס ארופּ.

דאָס שטעלט זיך אינמיטן
און האלט זיך גוט צו,
עס שווימט זיך דאָס שפּענדל
און טראָגט ערגעץ-ווּ.

די ריטשקע, זי בלעבלט,
און זילבערט און בלענדט,
עס טראָגט זיך דאָס שפּענדל
פאר שטיבער, פאר ווענט.

און קומט צו א שטיבל
און טוט זיך א שטויס,
ארײַן אין א לעכל,
ארײַן אין א הויז. —

דאָ וווינט א מישפּאָכע
מיט קינדערלעך דרײַ,
זיי כאפּן דאָס זשוקל
און לאָזן עס פרײַ.

# אפן גליטש

גליטשן, גליטשן, גליטשן ווידער,
ווארעם ווערט אין אלע גלידער,
פלאם אין בעקלעך,
קראפט אין הענט,
אין די אויערן פייער ברענט.

מיט א שליטל,
אן א שליטל,
אפ א קלאץ, א דראנג, א ריטל,
אפ די קני, צי אפן היטל,
היי, אלציינס!
יאט און יאט, —
גליטש איז אויסגעגאסן גלאט.

פראסט האט ליב צו זיין אין דרויסן,
פראסט האט ליב א גליטש א גרויסן!
פראסט האט ליב, אז מ'איז נים מיד,
לאמיר זינגען אים א ליד:

שמידער, שמידער,
מיט גלעזערדיקע גלידער,
קומסט אפ גאנצן ווינטער,
האלטסט זיך מיט אונדז אונטער,
ציסט אונדז פון די טויערן,
שנעלסט אונדז אין די אויערן,
מאכסט פאר אונדז טרוקן,
שטעלסט פאר אונדז בריקן,
און אפ בארג און אפ טאל
שטעלסט פון אייזן און פון שטאל,
שטעלסט אזוינע גליטשן,
אזוינע גוטע גליטשן!

# דער הימנ פונ סאָוועטנ־פאַרבאַנד

א בונד רעפובליקנ א פעסטנ, א פרײַענ
באַהעפט האָט אפ אײביק דאָס גרויסרוסיש לאַנד.
זאָל לעבנ די שאפונג פונ פעלקער געטרײַע,
דער אײנהײַטלעכ שטאַרקער סאָוועטנ-פאַרבאַנד.

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ און מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר פרײַנטשאפט פונ פעלקער די זײַל.
פאָלקס־פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס־פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ!

דורכ שטורעמס די פרײַהײַט געטאָנ האָט אונדז שטראַלנ,
ס'האָט לענינ דער גרויסער דעמ וועג אונדז באַהעלט.
אפ טרײַהײַט דעמ פאָלק האָט דערצויגנ אונדז סטאַלינ,
אפ מי אונדז באַגײַסטערט, מיט גוורע באַזעלט!

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ און מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר גליק פונ די פעלקער די זײַל.
פאָלקס־פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס־פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ.

דערצויגנ אינ שלאַכטנ אנ אַרמײ פונ גיבורימ,
די פרעכע פאַרכאַפערס מיר ברענגענ זײ אומ.
אינ שלאַכטנ מיר אנטשיידנ דעמ גורל פונ דורעס,
דאָס פאָטערלאַנד אונדזערס מיר פירנ צום רום.

לויב אונדזער פאָטערלאַנד פרײַענ און מעכטיקנ,
דו ביסט פאַר רום פונ די פעלקער די זײַל.
פאָלקס-פאָנ סאָוועטישע, פאָלקס-פאָנ גערעכטיקע,
זאָל זי צום זיג אונדזער וועגווײַזער זײַנ!

| | | | |
|---|---|---|---|
| א A | אָ O | ב Б | ג Г |
| ד Д | ה — | ו (וּ) У | וי ОЙ |
| װ В | ז З | זש Ж | ט Т |
| טש Ч | י Й | י (יִ) И | יי ЭЙ |
| ײַ АЙ | כ Х | ל Л | מ М |
| נ Н | ס С | ע Э | פּ П |
| פֿ Ф | צ Ц | ק К | ר Р |
| ש Ш | | | |

אויסער די דאָזיקע אויס:עס זײַנענ אינעם אלטנ אויס־
לייג פאראנ אויכ ח (כ), תּ (ט), ת (ס) אונ פינפ
שלאָס־אויס:עס ך (כ), ם (מ), ן (נ), ף (פ), ץ (צ).

